ביכער פאַר אַלע

№. 8

# באַשערט אַנ'אומגליק

(מאָנאָלאָג)

פערפאַסט פון שלום עליכם.

פרייז 5 קאָפּ.

פערלאַג „ביכער-פאַר-אַלע"
ווארשא דלוגא 26
דרוק י. עדעלשטיין עט קאָמפּ. נאַלעווקי 38

# Башертъ ан'-Умгликъ

т. е. Суждено несчастіе

(МОНОЛОГЪ)

Шалемъ-Алейхема

Изд. Бихер-фар-алэ, Варшава Долгая 26.

ВАРШАВА, 1905.

Тип. И. Эдельштейна и Ко., Налевки 38.



# בַּאשֶׁערְט אַנְ'אוּמְגְלִיק.



(אַ פֶּעקִֿיל).

פֿוּן

שָׁלוֹם־עֲלֵיכֶם.



— אַז ס'אִיז בַּאשֶׁערְט, הֶערְט אִיהר, אַיין אוּמְגְלִיק, טרֶעפְֿט דאָס גְלַייך אִין שטוּבּ אַרַיין, אִיהר מֶעגְט זַיין מִיט אַכְֿצֶעהן קֶעפּ, ווֶעט אִיהר זִיךְ פֿוּן דֶעם נִיט אוֹיסבֶּעהַאלטֶען. אִיךְ בִּין מִיר, ווִי אִיהר זֶעהט מִיךְ, אַ יִיד אַ ספּאָקאָינֶער, אַ רוּהִיגֶער, כְ'פְּלִיה נִיט, כְ'לוֹיף נִיט, כְ'האָבּ פַֿיינְט קָהָל'שֶׁע געשֶׁעפְֿטֶען, אִיךְ אַנטלוֹיף פֿוּן גַּבָּאוֹת, סַנְדֶּק, חָתָן בְּרֵאשִׁית. דאָס, יֶענְץ וּכְדוֹמֶה.

קִצוּר, דאַרְף זִיךְ טרֶעפֶֿען אַ מַעֲשֶׂה, בַּיי אוּנז אִין שטֶעדטִיל אִיז געשטאָרבֶּען אַ יִיד, „מְנַשֶּׁה גוֹי״, ווארוּם עֶר אִיז געוועֶן, זאָל עֶר מִיר מוֹחֵל זַיין, אַ פּראָסטֶער נֶפֶשׁ, נִישט געקאָנט כִּמְעַט דאַוְונֶען, דאָס הֵייסט קֵיין צֵלֶם פֿאַר קֵיין אַלֶף, נִישט לֵיינֶען, נִישט שרַייבֶּען, נִישט דאָס, נִיט יֶענְץ וּכְדוֹמֶה.

קִצוּר, אַ פּראָסטֶער שָׁלש סְעוּדוֹת, נאָר אַיין עֶהרְלִיכֶער מֶענש, אַיין אָרֶענטלִיכֶער בִּיז גאָר; דאָס וואָרט אִיז געוועֶן

הַלֵּלִיג, יעֶנעֶמס קעֶרבּיל קֹדֶשׁ קָדָשִׁים, אוּנ קאַרג, קאַרג! — זיך לאָזעֶן אַרוֹיסנעֶמעֶן בּיידע אוֹיגעֶן פאַר איין גראָשעֶן, דאָס גאַנצעֶ לעֶבּעֶן געֶקלוֹיבּעֶן געֶקלוֹיבּעֶן. געֶקלוֹיבּעֶן געֶקלוֹיבּעֶן— אוּנ סאַמעֶ אין מיטעֶן... געֶשטאָרבּעֶן, מִילָא געֶשטאָרבּעֶן— געֶשטאָרבּעֶן, אַז מְנַשֶּׁה איז געֶשטאָרבּעֶן קוּמט מעֶן צוּגעֶהן צוּ מיר אוּנ מעֶ זאָגט מיר: בַּאֲשֶׁר אַזוֹי ווי מְנַשֶּׁה איז געֶשטאָרבּעֶן אוּנ האָט איבּעֶר געֶלאָזט גאַנץ פיינעֶ עֶטליכעֶ קעֶרבּליך, מיט חוֹבוֹת, מיט בַּעַל־הַבַּתִּישקייט, מיט הייזעֶר, מיט דאָס, מיט יעֶנץ מיט וּכְדוֹמֶה... לָכֵן אַזוֹי ווי ס׳איז נִימָא ווער ס׳זאָל פיהרעֶן די געֶשעֶפטעֶן, די קינדעֶר נעֶבּאַך זעֶנעֶן נאָך קליינעֶ קינדעֶר, פיעֶר יוּנגלעֶך אוּנ איינס אַ מיידיל, אוּנ זי אַליין, די אַלְמָנָה מיינט מעֶן, איז אַ יידינעֶ, לָכֵן זאָל איך זיין דער בַּעַל־הַבַּיִת, דעֶר אַפּוּטְרוֹפּוּס, דעֶר אַפּעֶקוּן הייסט עֶס. וויל איך דאָך מִסְתָּמָא ניט הערעֶן ניט זעֶהן: וואָס טויג מיר אַבּעֶקוּן—אַפִּיקוֹמָן? וואָס דאַרף איך דאָס האָט זיך אָנגעֶהוֹיבּעֶן איין עֵסֶק: סטייטש. איהר זעֶנט בּיי אוּנז דעֶר איינציגעֶר אין שטאָדט, דאָס יעֶנץ וּכְדוֹמֶה, איין עֲבֵירָה אַזאַ פעֶרמעֶגעֶן, אוּנ וואָס וועֶט זיין דער תַּכְלִית פוּן די קינדעֶר, קליינעֶ קינדעֶר נעֶבּאַך, פיעֶר יוּנגלעֶך אוּנ איינס אַ מיידיל, וואָס וועֶט אייך אַרעֶן? זייט איהר דעֶר אַפּעֶקוּן אוּנ זי, די אַלְמָנָה מיינט מעֶן, וועֶט זיין די אַפּעֶקוּנשעֶ!... בּעֶט איך זיך בּיי זיי רַחֲמִים: וואָס ווילט איהר האָבּעֶן פוּן מיר? וואָס בּין איך בּיי אייך פאַר איין אֲפִּיקוֹמָן, אַז איך ווייס אֲפִילוּ ניט מיט וואָס מעֶן עֶסט דאָס?.. האָבּעֶן זיי דאָך אָנגעֶהוֹיבּן ווידעֶר אַ מאָל: אוּנ סטייטש, אוּנ וואוּ איז מעֶנשליכקייט אוּנ טאַקי אַ מִצְוָה אויך, אוּנ דאָס, אוּנ יעֶנץ אוּנ וּכְדוֹמֶה...

קִצוּר, איך האָבּ ניט געֶקאָנט אָבּזאָגעֶן אוּנ בּין געֶוואָרעֶן איין אֲפִּיקוֹמָן, איין אַפּעֶקוּן הייסט עֶס, אַ „געֶטוועֶרדעֶוועֶטעֶר",

אינאײנעם מיט איהר טאַקי, מיט דער אַלמנה מײנט מען. און אַז איך בין געװאָרען מיט גאָט׳ס הילף איין אַפּיקומן, אײן אַפּעקון הײסט עס, האָב איך קודם כּל גענומען מאַכען אַ סך הכּל װאָס האָבען זײ געלד, די קינדער נעבאַך? צענויפגע-שלאָגען װאו ס׳איז געװען ערגיץ אַביסעל אײגענס, אַ שטוב, אַ קלײט, אַ פערד, אַ בהמה, אַ דאָס, אַ יענץ, אַ וכדומה— פון אַלסדינג האָב איך געמאַכט געלד... נישט אַזוי גרינג מאָלט אײַך איז דאָס מיר אָנגעקומען, װאָרום מנשה עליו־השלום איז געװען אַ ייד אַ נגיד, אַ פאַרפונדעװעטער, װי מע זאָגט אַ „בעל־הגוף"; װיפיל מע האָט איהם געשאַצט האָט ער געהאַט מעהר... נאָר קײן חשבון איז בײ איהם נישט געװען קײן מאָל; געװען זאָל ער מיר מוחל זײן, אַ ייד אָהן אַ פּען; אַלע מאָל האָט זיך אָבגעזוכט אײן אַנדער חוב... געװען צעשטעקט אויף דער גאַנצער װעלט, פון איטליכען איז איהם געקומען געלד... האָב איך בעדאַרפט, פערשטעהט איך מיך, דאָס אַלסדינג טראָגען אויפ׳ן קאָפּ, צענויפנעמען—מאַכען געלד, אַ ברירה האָב איך געהאַט?... און אַלסדינג אַלײן, װאָרום זי, די אַפּעקונשע מײנט מען, איז אַ „טאָפּ־ײדינע", װײסט ניט פון דאַנען אַ הין, אַפילו אײן עהרליכע, נאָר אַ כּשרע בהמה, פרעגט זי בחרם װאָס איז אַ גוט װעבסיל, װאָס איז אַ שלעכט װעכסיל, װאָס איז דאָס, װאָס איז יענץ, װאָס איז וכדומה!...

קיצור, כ׳האָב צענויפגעשלאָגען די עטליכע קערבליך, אַ היבשע פּוטעקע... צענויפגעשלאָגען מיט צרות מיט לײד די עטליכע קערבליך, בעדאַרף מען זעהען עפּיס טהון מיט זײ, װאָרום װאָס װעט זײַן דער תּכלית, אַז זײ װעלען עסען פונ׳ם גרײטען? קינדער נעבאַך דאַרפען האָבען אַ העמדעלי, אַ שיכעלי, אַ דאָס, אַ יענץ אַ וכדומה, הײנט עסען? מע װעט

אַזוֹי לאַנג עֶסעֶן, בִּיז מע וועֶט אוֹיפֶּעסעֶן אִינגאַנצעֶן, וואָס וועֶט זיַין נאָכְדעֶם? אַ מעֶנש איַין אָרעֶנטלִיכֶער, פֶערשׁטעֶהט אִיהר מִיך, אִיז מְחוּיָב פֶערזאָרגעֶן דעֶם תַּכְלִית... האָב אִיך אָנגעֶהוֹיבעֶן קלעֶהרעֶן, אַהעֶר אַהִין, וואָס מאַכְט מעֶן מִיט'ן געֶלד? אַ געֶשעֶפְט? — ווער וועֶט דאָס פִּיתרעֶן, אַז זִי, די אַפּעֶקוֹנשׁעֶ מיינט מעֶן, אִיז משׁטיינסגעֶזאָגט אַ בְּהֵמָה, אוּנ די קִינדעֶר נעֶבאַך זעֶנעֶן קִינדעֶר... פֶערליַיהעֶן? אַוועֶקגעֶבעֶן דאָס אוֹיף פּראָצעֶנט? — מאָמעֶר זעֶצט יעֶנעֶר אָן, ווער וועֶט נאָכְדעֶם זיַין שוּלדִיג? דעֶר אַפּוֹטרוֹפּוֹס! האָב אִיך מִיך מְיַישֵׁב געֶוועֶן: וואָס דאַרְף מעֶן אַ בעֶסעֶר געֶשעֶפְט, ווי מיַין געֶשעֶפְט? האַ? אוּנ וואָס דאַרְף מעֶן אַ גרעֶסעֶרעֶן בָּטוּחַ, ווי אִיך? האַ? אִיך האָב בָּרוּךְ הַשֵׁם קרעֶדִיט אוּמעֶדוּם אוֹיף אַלעֶ יְרִידִים, אוּנ אַ נאָמעֶן האָב אִיך, בִּיז מיַין לעֶבעֶן זאָל אִיך קיַין עֶרגעֶרעֶן נאָמעֶן נִישט האָבעֶן; נִישט גליַיכֶער טוֹיזעֶנד מאָל אִיך זאָל אַריַינבראָקעֶן די עֶטלִיכֶע קעֶרבלעֶך צוּ מִיר אִין קראָם אַריַין, האַ? אוּנטעֶרפִּרִישעֶן מִיט נאָך סְחוֹרָה אוּנ מִיט נאָך סְחוֹרָה, האַ? אוּנ פֶאַר מְזוּמָנִים אַז מעֶ קוֹיפְט סְחוֹרָה, האָט דאָך דאָס טאַקעֶ גאָר, זאָגט אִיהר, איַין אַנדעֶר טַעַם, וואָרוּם אִיטלִיכֶער וויל זיך זעֶהן מִיט אַ מְזוּמָן קעֶרבעֶל. מְזוּמָנעֶ קעֶרבלעֶך אִיז היַינט, פֶערשׁטעֶהט אִיהר מִיך, וווּנצִיג פֶאַראַן. אוּמעֶדוּם אִיז נאָר פּאַפִּיר, נאָר ווּעֶכסעֶל, אַ שריַיב אַהעֶר, אַ שריַיב אַהִין, אַ דאָס, אַ יעֶנץ, אַ וּכְדוֹמֶה...

קִיצוּר כ'האָב אַריַינגעֶלייגט דאָס גאַנצעֶ געֶלד צוּ מִיר אִין געֶשעֶפְט אַריַין, אוּנ ס'אִיז אַוועֶקגעֶגאַנגעֶן קיַין מַעֲשֶׂה נִיט, דאָס הייסט נִיט שלעֶכְט, טאַקִי גאָר נִיט שלעֶכְט! דעֶר פִּדְיוֹן, פֶערשׁטעֶהט אִיהר מִיך, אִיז געֶוואָרעֶן אַ סַך גרעֶסעֶר, וואָרוּם אַז ס'אִיז פֶאַראַן אַסַך סְחוֹרָה לייזט זיך גאָר אַנדעֶרש, ווי זאָגט אִיהר: אַז ס'אִיז פֶאַראַן אַסך פִישׁ אִין טיַיך, חאַפּט זיך גאָר

אַנדעֶרש; נאָר וואָס דעֶן? אײַן זאַך איז געֶוועֶן שלעֶכְט: די הוֹצָאָה! איך בּין געֶוואָרעֶן אַ צוויײעֶנדיגעֶר בַּעַל־הוֹצָאָה. צוויי געֶזינדליך קײַן עַין־הָרַע!... איך מיט מײַן הויזגעֶזינד קײַן עַין הָרָע שמועֶסט מעֶן ניט... נו, אוּנ זי, די אַלְמָנָה מײנט מעֶן, בּעֶדאַרף, אוּנ די קינדעֶר נעֶבּאַך בּעֶדאַרפֿעֶן, פֿינף קינדעֶר פֿרעֶמדעֶ, פֿיער יוּגגלעֶך, אײנס אַ מײדיל; נישט קײַן קלײנקײַט! שוכֿעֶן אוּנ קלײדעֶן, אין חֶדר געֶבּעֶן, דעֶם טרײַבּעֶר צאָהלעֶן. הײַנט אַמאָל אַ פֿאָהר, אַ נאַשעֶרײַ, אַ דאָס, אַ יעֶנץ, אַ וּכְדוֹמֶה—מעֶ קאָן דאָך אַנדעֶרש ניט, וואָס וועֶט יעֶנעֶר זאָגעֶן? אַ שלעֶכטעֶר אֲפִּיקוֹמָן—צוגעֶנומעֶן דאָס געֶלד אוּנ זשאַלעֶוועֶט די יְתוֹמִים אַ גראָשעֶן אויף אַ צוקעֶרקעֶ... אַי, וואָס איך חאָרעֶווע, דרעֶה זיך דעֶם קאָפּ, פֿאָהר נאָך סְחוֹרָה, האָבּ אויף זיך אַ בּוך מיט חוֹבוֹת, מיט שלעֶק, מיט צָרוֹת, מיט דאָס מיט יעֶנץ, מיט וּכְדוֹמֶה? — דאָס איז נישט יעֶנעֶמס עֵסֶק! קײַן שוּתְּפוּת האָט זי דאָך, די אַלְמָנָה מײנט מעֶן, מיט מיר נישט געֶמאַכֿט, מיר זאָלעֶן זיך טײלעֶן אויף דעֶרהאַלבּ!... אַי, זי האָט מיר אַרײַנגעֶלײגט געֶלד? איז עֶרשטעֶנס ליגט דאָס געֶלד אין סְחוֹרָה, אוּנ וְהַשֵּׁנִית ליגט דאָס ניט אומזיסט, איך צאָהל דאָך פּראָצעֶנט!... אוּנ וואָס איז וועֶרט דעֶר טאַרעֶראַם, וואָס איך האָבּ צוטהון טאָג ווי נאַכֿט, טאָ דאָס, טאָ יעֶנץ, טאָ וּכְדוֹמֶה! געֶה זײַ אײַן אֲפִּיקוֹמָן! האָבּ אין זינעֶן נעֶבּאַך פֿרעֶמדעֶ קינדעֶר, צי זײ ווילעֶן לעֶרנעֶן, צי זײ ווילעֶן ניט? צו זײ געֶהעֶן אַהין וואו מעֶ דאַרף, צי וואו מעֶ דאַרף ניט? צי דאָס, צי יעֶנץ, צי וּכְדוֹמֶה? וואָס בּין איך טאַקי זײעֶר אַ פּוֹטרוֹפּוֹס, וואָס איך בּין מְחוּיָב זײ צו בּעֶוואָהרעֶנעֶן? מעֶ קאָן הײַנטיגעֶ צײַטעֶן, זאָגט איהר, קײַן אֵייגעֶנעֶ קינדעֶר נישט בּעֶוואָהרעֶנעֶן, וּבִפְרַט אַז גאָט העֶלפֿט, עֶס גיט זיך נאָך אײַן אַ שלעֶכֿט קינד—איז גאָר אַ בְּרָכָה פֿון גאָט! מְנַשֶּׁה זאָל

מִיר מוֹחֵל זַיְין אִיז גֶעוועֶן אַ יִיד אַ פּראָסטאַק, נאָר אַיְין עֶהרלִי־ כֶער יִיד חאָטש; אוּנ קִינדעֶר האָט עֶר אִיבֶּערגֶעלאָזט—זאָל זִיך גאָט מְרַחֵם זַיְין! — אֵיינס עֶרגעֶר פוּנ'ם אַנדעֶר'ן! מֵילָא דִי עֶלטעֶרעֶ זוֶענעֶן נאָך צוּ דעֶרלֵיידעֶן: אֵיינעֶר אִיז אַ טוֹיבֶּעֶר, נעֶבּאַך אַ דעֶרשלאָגעֶנעֶר, האָבּ אִיך אִיהם געֶמאַכְט פַאר אַ בַּעַל־ מְלָאכָה... דעֶר אַנדעֶרעֶר, אִיז גלאַט אַיְין אִידִיאָט, נאָר אַ שטִילעֶר, טשעֶפּעֶט קֵיינעֶם נִיט אוּנ דאַרף גאָר נִישט... דעֶר דרִיטעֶר האָט זִיך בּעֶווִיזעֶן קִינדווַייז דַוְקָא יאָ אַ געֶראָטעֶנעֶר, נאָר אַז עֶר אִיז אוּנטעֶרגעֶוואַכסעֶן האָט עֶר זִיך צעֶנוֵיפגעֶסְקאָמפּאַניעֶט מִיט וואוּ עֶרגִיץ אַ שלעֶפּעֶר אוּנ אִיז געֶוואָרעֶן אַ שאַרלאַטאַן, מעֶ זאָל בּעֶהִיט אוּנ בּעֶוואָהרעֶנט ווערעֶן!... עֶר האָט אַזוֹי לאַנג געֶבּוּשעֶוועֶט, געֶוואָיעֶוועֶט, געֶאַרבּעֶט, געֶדאָסט, געֶיעֶנצט, געֶוִוכְדוֹמֶה'ט, אַז אִיך האָבּ אִיהם געֶטוּזט נעֶבּעֶן עֶטלִיכֶע קעֶרבּלעֶך, אוּנ גְעֶה געֶזוּנד קַיְין אַמעֶרִיקאַ! פוּן קִינדווַייז אָהן האַט דאָס אִיהם געֶצוֹיגעֶן קַיְין אַמעֶרִיקאַ, אוּנ מִיר זעֶנעֶן פָּטוּר געֶוואָרעֶן... אוּנ דאָס מֵיידִיל האָבּ אִיך הֲתוּנָה געֶמאַכְט, געֶגעֶבּעֶן כִּמְעַט טוֹיזעֶנד קאַרבּעֶן נְדָן, אוֹיסגעֶקלֵיידט, געֶפּראַוועֶט אַ חוּפָּה מִיט כְּלֵי־זֶמֶר, מִיט דאָס, מִיט יעֶנץ, מִיט וּכְדוֹמֶה, אַלסדִינג ווִי עֶס געֶהֹר צוּ זַיְין, כִּמְעַט ווִי בַּיי אַיְין אֵייגעֶנעֶר טאָכְטעֶר. וואָס דעֶן? ס'אִיז עֶפּיס אַ תִירוּץ? וואָס, מִשְׁטֵיינסגעֶ־ זאָגט, אַז קַיְין טאַטעֶן, נעֶבּאַך, האָבּעֶן זֵיי נִיט, אוּנ זִי, דִי מאַמעֶ מֵיינט מעֶן, אִיז אַ בְּהֵמָה, ווער ווֶעט זִיך פַאר זֵיי שלאָגעֶן קאָפּ אָן וואַנד, אַז נִיט אִיך?... שׁוֹטֶה! אָפּגעֶרִיסעֶנעֶר נאַר! — פלעֶג צוּ מִיר אָפְּט מאָל זאָגעֶן מַיְין אַלטעֶ—אַוַדַאי בּעֶדאַרפסט דוּ זִיך מַפְקִיר זַיְין פוּן פרעֶמדעֶ קִינדעֶרס ווֶעגעֶן! אָט ווֶעסט דוּ זעֶהן ווִי מעֶ ווֶעט דִיר אָפּדאַנקעֶן מִיט שטֵיינעֶר פַאר דַיְין אֲפִּיקוֹמָן וואָס דוּ בִּיזט!... אַזוֹי פלעֶג זִי צוּ מִיר זאָגעֶן, אוּנ זִי האָט געֶטראָפעֶן: מעֶ דאַנקט מִיר אָבּ, מעֶ דאַנקט מִיר אָבּ

שטײנער, אונ נאָך מִיט וואָסערע שטײנער! אָט וועט אִיהר בּאַלד הערבּען, וואָס אִיך האָבּ אוֹיף זיך, פַאר אַ פּעקִיל אִיך; בִּין שטאַרקער פוּן אײזען, הערט אִיהר, אַז אִיך טראָגעס אַריבּער...

קִצוּר, פוּן אַלע קִינדער, וואָס מְנַשֶּׁה עָלָיו הַשָּׁלוֹם האָט איבּערגעלאָזט, אִיז דאָ אײנער, דער קלענערער פוּן אַלע, הײסט ער דַנִיאֵלְטְשִׁיק — אִיז דאָס בָּרוּךְ הַשֵּׁם אַ געראָטענס, אַ צאַצקעלי, אַ דַנִיאֵלְטְשִׁיקִיל פוּן גאָט! פוּן קִינדווײז אָן אִיז דאָס געווען טאַקי עפִּיס נור אײן אָנשִׁיקעניש אונ געננג. ער האָט געקאָנט זיך פערגִינען צו פִינף יאָהר פאַטשען די מאַמע זײנע מִיט אַ חאָלִיווע פוּן אַ שטִיוועל אִיבּער די פִּיסקעס אונ דַוְקָא שַׁבָּת אִין דער פְרִיה פאַר'ן דאַווענען! אַראָפּרײַסען בּײ אִיהר דעם שלײער בְּשַׁעַת עס זיצט אַ פרעמדער מענטש — דאָס אִיז בּײ אִיהם געווען אַ וואָכעדִיגער גאַנג! די יִידִינע, זאָג אִיך אײך, אִיז אײן אײזערנע יִידִינע, אַז זִי האָט דאָס געקאָנט אִיבּערטראָגען פוּן אִיהם! טאָג ווִי נאַכט האָט מען געהאַט צוטהון מִיט דַנִיאֵלְטְשִׁיקען. אַלע מאָל ווען אִיך בִּין געקוּמען אַהִין, האָבּ אִיך זִי געטראָפען, די אַלְמָנָה מײנט מען, זִיצען אונ ווײנען, מִיט אַ טַעֲנָה: פאַר וואָס האָט זִי גאָט געשטראָפט מִיט אַזאַ קִינד? פאַר וואָס אִיז ער נִיט אוֹיסגערִינען בּײ אִיהר אִין בּוֹיך אײדער ער האָט גאָר בּעדאַרפט געבּוירען ווערען אוֹיף דער וועלט?... דאָס וואָס דער דַנִיאֵלְטְשִׁיק האָט אִיהר געטהון קאָן מען גאָר נִישט אִיבּערדערצעהלען; ער האָט אַרוֹיסגענַנְבֶ'ט וואו ס'אִיז געווען בּײ אִיהר אַ שטִיקעל צִירהוּנג, אַ פִינגערִיל, אײן אוֹיהרִינגעל, אַ שנִירִיל פּערִיל, אַ זײדען טִיכִיל, אַ לעמפִּיל, אַ מעסער'ל, אײן אַלטע פּאָר בּרִילען, אַ דאָס, אַ יענץ, אַ וּבְדוֹמֶה — אַלסדִינג אִיז בּײ אִיהם געווען אַ קֶרֶן אַלסדִינג האָט ער אַרוֹיסגעטראָגען פוּן שטוּבּ, פערקוֹיפט אונ אוֹיס= געגעבּען אוֹיף צִיקערקעס, מִיט נִיס, מִיט קאַוונעס, מִיט גוּטען

טוּטִין פֿאַר זִיךְ אוּנ פֿאַר זַייְנֶע חֲבֵרִים; מאָלט אַייך שֶׁענֶע חֲבֵרִים'לִיךְ, שלעֶפּעֶרס, גַנָבִים, שִׁכּוֹרִים—דעֶר רוּחַ ווייסט אִיהם וואוּ עֶר האָט זֵיי דעֶרטאַפּט! וואָס עֶר האָט געֶהאַט האָט עֶר אַוועֶקגעֶגעֶבּעֶן דִי חֲבֵרִים זַייְנֶע: אַ נַייעֶ פּאָר שטִיוועֶל, אַ קאַפּעֶלוּש, דאָס אוֹיבּעֶרשטעֶ העֶמד פֿוּן זִיךְ... „בַּנִיאַלְטְשִׁיק וואָס טהוּסט דוּ? אַ נַייעֶ פּאָר שטִיוועֶל געֶהסט דוּ אוּנ גִיסט אַוועֶק!"... „נאַפּלִיעֶוואַט!—זאָגט עֶר—אַ רַחֲמָנוּת, יעֶנעֶר געֶהט נעֶבּאַךְ בּאָרוועִס"... וואָס זאָגט אִיהר אוֹיף דעֶם בַּעַל־רַחֲמָנוּת?! פֿוּן געֶלד שמוּסט מעֶן נִיט: וואוּ עֶר האָט דעֶרטאַפּט אַ מְזוּמָנ'עֶם גראָשעֶן האָט עֶר אַוועֶקגעֶגעֶבּעֶן דִי חֶבְרָה זַייְנֶע. „בַּנִיאַלְטְשִׁיק, אוּם גאָטעֶס ווִילעֶן, וואָס טהוּסט דוּ דאָס?..." „נאַפּלִיעֶוואַט!—זאָגט עֶר—יעֶנעֶר האָט אוֹיךְ אַ נְשָׁמָה, יעֶנעֶר בּעֶדאַרף אוֹיךְ עֶסעֶן"... ווִי געֶפֿעֶלט אַייךְ אַזאַ מִין פִֿילאָזאָף, אַ מַבְנִים־אוֹרֵחַ? אַז מעֶ שמוּסט אַ כְּלִי שְׁלֵמָה, אַיין „אוֹיסוואִרפֿלִינג", פֿוּן דעֶר נאַטוּר! אוּנ אֶפְשַׁר מֵיינט אִיהר, אַ נאַרִישׁ יוּנגעֶל, אָדעֶר חָלִילָה נִישט קַיין שעֶן קִינד?—אַ דוּרכנעֶטרִיבּעֶנעֶר, אַ שעֶנעֶר יוּנג, אַ געֶזוּנדעֶר, אַ פֿרֵיילִיכעֶר, אַ זִינגעֶר אוּנ אַ טעֶנצעֶר, נאָר עֶפִּיס אַ בּלוּט אַזאַ טְרֵפָה'ס צוּנְגאַלדעֶ שוואַרצעֶ יאָהר!... וואָס האָבּעֶן מִיר מִיט אִיהם נִישט אִיבּעֶרגעֶטהוּן? געֶפּרוּבט זִיךְ מִיט גוּטעֶן, געֶפּרוּבט זִיךְ מִיט בֵּייזעֶן; געֶהאַלטעֶן דרַיי טאָג מִיט דרַיי נעֶכט בּעֶזוּנדעֶר אִין אַ קאַמעֶר פֿעֶרשלאָסעֶן, געֶשלאָגעֶן מִיט אַיין אַראַפּנִיק, צעֶבּראָכעֶן אוֹיף אִיהם אַ גוּטעֶן יאַמְשאָוועֶן שבּעֶקעֶן פֿוּן אַ דרַייעֶרִיל—מַיינעֶם אַיין אַייגעֶנעֶם שטעֶקעֶן... ווִי אַיין אַרבּעֶס אָן דעֶר וואַנד; אַוועֶקגעֶגעֶבּעֶן אִיהם עטלִיכעֶ מאָל צוּ אַ בַּעַל־מְלָאכָה, געֶוואָלט מאַכעֶן פֿוּן אִיהם אַ זֵייגעֶר־מאַכעֶר, אַ גאָלדשמִיד, אַ סטאָלעֶר, אַ כְּלֵי־זֶמֶר, אַ קאָוואַל, אַ דאָס, אַ יעֶנץ, אַ וּכְדוֹמֶה—אוּממעֶגלִיךְ! עֶר ווִיל נִישט אַרבּייטעֶן חאָטש נעֶם צעֶשנַייד אִיהם אוֹיף צוויי'עֶן! „וואָס ווֶעט זַיין פֿוּן

דיר, דַניאלְטְשִׁיק?"—„אַ פּריַפּײגעלי!"—זאָגט ער, און לאַכט נאָך..." אַ פּריַפּײגעלי? זאָג איך, אײַן אַרעסטאַנט, אַ גַנָב וועט פֿון דיר זײַן!"—„נאַפּליעוואַט!" מאַכט ער און דרעהט זיך אוים און ווערד פֿערשוואונדען.

קִצוּר, מיר האָבען אַ שפּיַ געטהון אויף איהם, געלאָזט וואכסען, און ס'איז אויסגעוואַכסען פֿון איהם אַ תַּכְשִׁיט, וואָס זאָלט איהר קלעהרען! דאָס הײסט גַנְבָ'נען האָט ער אויפֿגעהערט, ס'איז שוין ניט געווען כְּמַיִם וואָס; נאָר גְלַאט די הַנְהָגָה זײַנע, די שענע חֲבֵרִים'ליך און די פּאָסטעמקעליך זײַנע, מיט אַ מין הַלְבָּשָׁה: אַ רויט העמדיל איבער די הויזען מיט אַ פּאָר גרויסע שטיוועל, האָר האָט ער זיך פֿערלאָזט ווי אַ דְיאַק, די מאָרדע האָט ער זיך אָפּגעלאָזט, אַ פֿײַן בחור'ל!... צו מיר האָט ער קײנמאָל נישט געהאַט קײן הָעֲזָה צו טריטען; אַז ער האָט עפּיס בעדאַרפֿט האָבען, האָט ער געשאָסען דורך איהר, דורך דער טאַמע מײנט מען; און די מאַמע איז אַזאַ בְּהֵמָה, אַז זי האָט איהם נאָך ליעב אויך דעם טײַערען קַדִיש, ס'איז פֿאַר איהר אַלסדינג רעכט! אײן מאָל קום איך אַרוים אין קְלײט אַרײַן, איך טהו אַ קוק - מײַן חֶבְרֶה'מאַן איז דאָ, ער וואַרט אויף מיר.

— בָּרוּך-הַבָּא, אַ גאַסט, דַניאלְטְשִׁיק, זאָג איך, וואָס וועסט דו זאָגען עפּיס נוטס?

— איך בין געקומען — מאַכט ער — אײַך זאָגען, אַז איך האָב הֲתוּנָה.

— מַזָל טוֹב, זאָג איך, אין אַ גוטער שָׁעָה, פֿאַר ועמען האָסט דו חֲתוּנָה?

— פֿאַר אַסְנָה'ן, מאַכט ער.

— ווּעָסער אַסְנָה?

— אונזער אַסְנָה—מאַכט ער—די וואָס זי איז געווען ביי אונז אין שטוב.

— אַלע ביזע ווינטע חֲלוֹמוֹת! — זאָג איך — פאַר א דינסט-מויד האָסט דו חֲתוּנָה?

—נאַפּליעוואַט! — מאַכט ער — אַדינסט-מיידיל איז דען קיין מענטש ניט?

— אַז אָך אונ וועה, זאָג איך, איז דער מאַמע דיינער! ביזט דו געקומען היינט דאָס מיך רופען אויף דער חֲתוּנָה?

— ניין! — מאַכט ער — איך בין געקומען צו איך מִכֹּחַ מַלְבּוּשִׁים, מִכֹּחַ אויסקליידען זיך צו דער חֲתוּנָה. מיר האָבען אויסגערעכענט, איך מיט אַסְנָה'ן, אַז מיר דאַרפען האָבען אַזוי: מיר אַ גאַרניטער אַ קאָרטענעם אונ אַ גאַרניטער פון פאַרוסינע אויף זומער, אונ העמדער אַ טוץ אונטערשטע, אונ אויבערשטע אַ האַלב טוץ, אונ אַסְנָה'ן—ציץ אויף אַ קליידעל, אונ איין קליידעל אַ וועלענס אונ זאָנע אַ גאַנץ שטיקעל אויף העמדער, מאַראָזאָווס זאָנע, אונ פּוטער אויף אַ בורנוס, אונ שאַלעכליך צוויי, אונ אַ האַלב טוץ נאָזטיכליך, אונ אַביסעל דאָס, אונ אַביסעל יענץ, אונ אַביסעל וּכְדוֹמֶה...

— אונ וויטער גאָר נישט?—זאָג איך, אונ האַלט זיך קוים איין פאַר געלעכטער.

— אינ וויטער גאָר ניט—מאַכט ער.

קִצוּר דאָ האָב איך מיך שוין מעהר ניט געקאָנט איינהאַלטען, ס'איז מיט אַמאָל אָנגעפאַלען אויף מיר אַזאַ געלעכטער, אַז איך בין שיער אַראָבגעפאַלען פונ'ם בענקיל, אונ אויף מיר קוקענדיג האָבען זיך צעלאַכט אַלע מיינע מענטשען, מיר האָבען שיער צעטראָגען די קליוט פאַר געלעכטער! אַז איך האָב מיך גוט אויסגעלאַכט, רוף איך מיך אָן צו מיין שענעם חָתָן:

— זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, בַּנְיאַלְטָשִׁיק סערדצע,

האָסט עפּיס אַרײַנגעלייגט צו מיר אַ גרויסען חלק אין קלייט אַרײַן, וואָס דו ביזט געקומען צו מיר מיט אַזאַ צעטיל?

— איך ווייס ניט—מאַכט ער צו מיר — איך ווייס ניט אַקוראַט, וויפיל עס נעמט זיך אָן אויף מײַן חלק; נאָר ווערליג דאָס געלד וואָס ס'איז געבליבען פון מײַן טאַטען, אַז מע זאָל דאָס טיילען אויף פינף חלקים, וועט דאָס אויף מײַנע חתונה קליידער האַפּען און עס וועט נאָך עפּיס דאַכט מיר בלײַבען אויף נאָך דער חתונה אויך...

קיצור וואָס זאָל איך אײַך זאָגען, אַז ער האָט מיר אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, איז גלײַך ווי עמיצער זאָל מיר געבען מיט אַ פּיסטויל אין האַרצען, אָדער אָפּשיטען מיט פײַער, אָדער אָפּגיסען מיט הייס וואַסער, אָדער איך ווייס אַליין ניט מיט וואָס! ס'איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען! איהר פערשטעהט? לא די וואָס איך האָב געהאַט מיט זיי צוטהון אַזוי פיעל יאָהרען, געטראָגען אויף זיך איין אַלמנה נעבאַך מיט פינף קינדער, אַלעמען פערזאָרגט און חתונה געמאַכט און געדאָסט און געיענצט און ובדומה׳ט, צום סוף וואַכסט אויס אַזאַ שײַנעץ אויף מײַן קאָפּ און גיט מיר אָנצוהערעניש וועגען חלקים גאָר!.

— נו, נישט מײַנע ווערטער? — מאַכט צו מיר מײַנע — האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז מע וועט דיר אָפּדאַנקען מיט שטיינער?...

קיצור וואָס טויג אײַך, איך האָב געגעבען אלסדינג, וואָס ער האָט געוואָלט, וואָס וועל איך געהן האָבען צוטהון מיט אַזאַ שנעק? עס פּאַסט גאָר נישט פאַר-מיר! נאַ, געה צו אַלדע שוואַרצע יאָהר, וואַרג זיך, ווער פאַרברענט, פאַר־שׂרפה׳ט, אַבי פּטור ווערען פון אַ שלאַק!... מיינט איהר, אַז איך האָב איהם שוין דערמיט געפּטר׳ט? וואַרט אויס, וועט

אִיהר עֶרשׁטע הערען; אִין אַחוֹדֶשׁ אַרוּם נאָך דעֶר חֲתוּנָה, קוּמט עֶר צוּגעֶהן צוּ מִיר, דעֶר שׁעֶנעֶר יוּנגעֶרמאַנטשִׁיק, אִיך זאָל אִיהם לְמַעַן הַשֵּׁם באַלד געֶבעֶן צוויי הוּנדעֶרט מִיט דריי אוּנ צוואַנצִיג קעֶרבלִיך.

— וואָס אִיז פֿאַר אַ חֶשְׁבּוֹן צוויי הוּנדעֶרט מִיט דריי אוּנ צוואַנצִיג קעֶרבלִיך? — פֿרעֶג אִיך אִיהם.

— אַזוֹי טרעֶפֿט אָן — מאַכט עֶר צוּ מִיר גאַנץ קאַלט־בלוּטִיג — דאָס בִיעֶרשׁיינקעֶל מִיט'ן בִּילִיאַרד.

— וואָסעֶר בִיעֶרשׁיינקעֶל? וואָסעֶר בִּילִיאַרד.

— אִיך האָב מִיר געֶמאַכט — זאָגט עֶר — אַ געֶשׁעֶפֿט: אִיך האַב אִיבעֶרגעֶנוּמעֶן אַ בִיעֶרשׁיינקעֶל מִיט אַ בִּילִיאַרד; אַסְגָה וועֶט פֿעֶרקוֹיפֿעֶן בִּיעֶר אוּנ אִיך ועֶל זיין בּיים בִּילִיאַרד, אַבטוּנג געֶבעֶן ווִי מעֶ שׁפּיעֶלט אוֹיפְ'ן בִּילִיאַרד; מעֶן קאָן דעֶר־פֿוּן — זאָגט עֶר — האָבעֶן שׁעֶן פַּרְנָסָה.

— אַ שׁעֶנעֶ פַּרְנָסָה! — זאָג אִיך צוּ מיין נייעֶם בַּעַל־פַּרְנָסָה — עֶס פּאַסט טאַקִי פֿאַר דִיר אַזאַ פַּרְנָסָה, אַשׁיינקעֶל מִיט אַ בִּילִיאַרד!

— נאַפּלִיעֶוואַט! מאַכט עֶר — אַבִּי נִישׁט צוּנעֶמעֶן בּיי יעֶנעֶם; איין מאָל אִין טאָג אַ שְׁטִיקעֶל טרוּקעֶן בְּרוֹיט, אַבִּי נִישׁט קיין פֿרעֶמְדֶס...

ווִי געֶפֿעֶלט אייך אַשׁטיינגעֶר, דַנִיאַלְטְשִׁיק רעֶדט מִיר פִילוֹסוֹפִיאָ!...

— געֶזוּנדעֶרהייד! — זאָג אִיך — פֿעֶרקוֹיפֿט אייך בִּיעֶר אוּנ שׁפּיעֶלט אייך אוֹיף'ן בִּילִיאַרד, וואָס געֶהר זִיך דאָס אָן מִיט מִיר?

— עֶס געֶהעֶר זִיך אָן — זאָגט עֶר — מִיט אייך, ווייל אִיהר דאַרפֿט געֶבעֶן געֶלד צוויי הוּנדעֶרט מִיט דריי אוּנ צוואַנצִיג קעֶרבלִיך.

— וואָס הייסט איך דאַרף געבען? — זאָג איך — פֿון וואָסער געלד אַ שטייגער?

— פֿון מײַן טאַטענס געלד — מאַכט ער און פֿערקרימט זיך אַפּילו ניט...

איהר וועט מיר גלויבען? עס האָט זיך מיר בשעת מעשה נעגלוסט אָננעמען איהם פֿאַר׳ן קאַרק און אַרויסוואַרפֿען איהם פֿון קלייט צו אַלדע שוואַרצע יאָהר!... נאָר צוריק האָב איך מיך מיישב געווען: מיט וועמען וועל איך מיך דאָ משטיינס, געזאָגט פּאַסקודניגען די הענד? חאַפּט איהם דער וואַטענ־מאַכער! לאָז מיינס איבערגעהן...

— זאָג מיר, דאַניאלטשיק, — מאַך איך צו איהם — דו ווייסט חאָטש וויפֿיל ס׳איז פֿון דײַן טאַטען געבליבען געלד?

— ניין — מאַכט ער — וואָס דאַרף איך עס וויסען? איך וועל נאָך צייט האָבען צו וויסען איבער אַ יאָהר אם ירצה השם אַז ס׳וועט מיר ווערען איין און צוואַנציג יאָהר, וועל איך ביי אייך דעמאָלט אָפּנעמען דין וחשבון... דערווייל גיט מיר די צוויי הונדערט דריי און צוואַנציג קערבליך, לאָם איך געהן.

דערהערט אַזעלכע דבורים איז מיר פֿינסטער געוואָרען אין די אויגען, מיינט איהר פֿאַר וואָס? נישט מחמת איך האָב חלילה מורא פֿאַר עמיצען, וואָרום וואָס האָב איך מורא צו האָבען? איך האָב קאַרג אויסגעבראַכט זיך אויף זיי? אַ ווער־טעלע אויסצורעדען, אויסגעהאַלטען אַזוי פֿיעל צייט איין אלמנה נעבין מיט פֿינף קינדער, אַלעמען פֿערזאָרגט און חתונה געמאַכט און געדאָסט און געיענצט און גע׳זכרומה׳ט, קומט אַזאַ שנעק און רעדט גאָר פֿון אָפּנעמען ביי מיר דין וחשבון!

קיצור איך האָב אַרויסגענומען און האָב איהם געגעבען צוויי הונדערט דריי און צוואַנציג קאַרבען און געבעטען גאָט

ער זאָל מיך חאָטש לאָזען צוּרוּה... אוּנ ס'איז טאַקע אַוועקגעגאַנגען אַ צײַט, איך האָב נישט אָנגעקוּקט דעם פָּנים זײַנעם! פְּלוּצים, איך קוּם אַ מאָל צוּגעהן אַהײם — אַהאַ, ער איז דאָ!... עס האָט זיך מיר אָבגעריסען אין האַרצען, אַז איך האָב איהם דערזעהן; נאָר אַרוֹיסבעוויזען איהם, אַז עס אַרט מיך טאָר מען נישט; מאַך איך זיך תּמ'עוואַטע אוּנ רוּף מיך אָן צוּ איהם:

— אָ! אַ גאַסט! וואָס איז די מַעֲשֶׂה, דַניאלְטְשִׁיק, וואָס מע זעהט דיך ניט? וואָס מאַכסט דוּ עפּיס אין געזוּנד? ווי געהט דאָס דיר אין די „געשעפטען"?

— געזוּנד — מאַכט ער—נאַפּליעוואַט! נאָר די „געשעפטען" זענען נישט אין בּ'גָסטען.

„מַזָל טוֹב דיר! — טראַכט איך מיר — זאָלסט דערלעבען אָנזאָגען בּעסערע בְּשׂוּרוֹת!... דאָס שמעקט שוֹין מיט פּריש געלד"...

— דְהַיְינוּ וואָס איז? — זאָג איך — עס לייזט זיך נישט קײַן געלד?

— וואָסער געלד? ווער רעדט פוּן געלד? געלד, מאַכט ער, נאַפּליעוואַט! איך האָב שוֹין ניט קײַן בּיער-שײַנק, איך האָב שוֹין ניט קײַן בּיליאַרד, איך האָב שוֹין ניט קײַן ווײַב, זי האָט מיך אַוועק געוואָרפען, אַסְגָה הײַסט עס, נאָר חאַפּט זי דער רוּחַ, נאַפּליעוואַט! איך פאָהר אַוועק, זאָגט ער, קײַן אַמעריקאַ, מײַן בּרוּדער רוּפט מיך שוֹין לאַנג קײַן אַמעריקאַ.

דערהערט, אַז ער פאָהרט קײַן אַמעריקאַ, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פוּנ'ם האַרצען... ער האָט מיט אַמאָל בּעקוּמען חֵן אין מײַנע אויגען... איך זאָל מיך ניט שעמען וואָלט איך איהם אַרוּמגעחאַפּט קישען...

— קײַן אַמעריקאַ? — זאָג איך — מַהֲבְּתֵיתִי, אַמעריקאַ.

זאָגט מען, איז אַ פֿרײַ לאַנד, מענשען, זאָגט, מעןוועלען דאָרט גליקליך, זענען מאַכּף מָמוֹן... וּבִפְרַט אַז מע האָט נאָך דאָרטען אַיין אײַגענעם איז גאָר גוּט... בּיזט דוּ געקומען הײַסט דאָס זיך געזעגענען מיט מיר? זעהר פֿײַן פֿוּן דײַן זײַט... זאָלסט חאָטש ניט פֿאַרגעסען דאָרטען אַמאָל אַרײַנשרײַבען אוּנז אַ בּריוועל, פֿאָרט הײַמישע מענשען, ווי זאָגט ער... דַניאֵל, אֶפְשָׁר חאַפּט דיר נישט אויף הוֹצָאוֹת? — קאָן איך דיר געבען צוּ שטײַער...

— צוּליעב דעם — זאָגט ער — בּין איך טאַקי אַרײַנגעאַנגען צוּ אײַך... גיט מיר דרײַ הוּנדערט קאַרבּען, דאַרף איך האָבּען.

— דרײַ הוּנדערט קאַרבּען? — זאָג איך — עס וועט אֶפְשָׁר זײַן אַבּיסעל צוּפֿיעל? טאָמער וואָלט געוועזען גענוּג ק״ן?

— וואָס בּעדאַרפֿט איהר זיך מיט מיר דינגען? איך ווייס דען ניט, אַז איך זאָל אײַך זאָגען פֿיער הוּנדערט, וועט איהר מיר געבען פֿיער הוּנדערט אויך, אוּנ פֿינף הוּנדערט אויך, אוּנ זעכּס הוּנדערט אויך... נאָר איך בּעדאַרף נישט קײן געלד, נאַפּליעוואַט! איך בּעדאַרף נאָר דרײַ הוּנדערט קאַרבּען אויף הוֹצָאוֹת.

אַזוֹי מאַכט ער צוּ מיר, דַניאֶלְטְשִׁיק הײַסט דאָס, אוּנ קוּקט מיר גלײַך אין די אויגען אַרײַן... „דרײַ הוּנדערט מַכּוֹת — קלער איך מיר — זאָל זיך מײַנע שׂוֹנאִים זעצען אויפֿ׳ן לײַבּ! איך זאָל חאָטש וויסען אײַן עק, אַז דערמיט האָט זיך פֿערשלאָסען די ערד, אוּנ ער וועט שוין אויפֿהערען קוּמען צוּ מיר אַלע מאָל דאָסען אוּנ יענצען אוּנ וּכְדוֹמֶה׳ן!“...

קִצוּר כּ׳האָבּ איהם אַרויסגענוּמען אוּנ אָפּגעצעהלט איהם דרײַ הוּנדערטער אַחַת וְאַחַת אוּנ נאָך געקויפֿט אַ מַתָּנָה דעם עלטערען בּרוּדער זײַנעם, אַ גאַנץ פֿוּנט טײ וויסאָצקים, מיט

גוטע פּאַפּירָאסין אַ טוּיזענד, מיט עֶטליכֶע פלעֶשלעך כַּרְמֶל ווײַן, און חוץ לָזֶה האָט איהם מײַן ווײַב אָפּגעבראָטען אַ קאַטשקע, מיט-געגעבען בולקעס מיט מאַראַנצען מיט צָרוֹת, מײַנע שׂוֹנְאִים, מיט האַרצוועהטיג, מיט דאָס מיט יענץ מיט וּכְדוֹמֶה אױפ'ן וועג, און מיר האָבען איהם אַרױסבעגלײַט צום באַהן, זיך גאַנץ פײַן אָבגעזעגענט מיט איהם, צעקושט ווי מיט אײן אײגען קינד, געװײנט מיט טרעהרען, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען, פאַרט אויף מײַנע העגד אויסגעװאַשען, און טאַקי אַ וואהלער יונג, לְמַאי זאָל איך לײַקענען? ער איז נאָר אַביסעל פערשײַט, ווײַטער האָט ער אַ האַרץ, אױף מיר אַזאַ יאָהר! איך ווילל אײַך זאָגען דעם רײַנעם אֶמֶת, אַביסעל בין איך געווען צופריעדען, וואָס ער איז אַוועקגעפאָהרען, פּטוּר גע-וואָרען פון אַ פּריטשעפּע... און אַ ביסעל האָט מיר וועה געטהון דאָס האַרץ, אַ יונג קינד, נעבאַך נָע וָנָד, מִי יוֹדֵעַ וואוהין ער קאָן פערפאָהרען, און וואָס סע קאָן-פון איהם ווערען דאָרטען... ער זאָל חאָטש שרײַבען אַמאָל אַ בריוועל... און אֶפְשָׁר איז גלײַבער ער זאָל גאָר ניט שרײַבען, לאָז ער זיך לעבען דאָרטען הונדערט און צוואַנציג יאָהר און זײַן גליקליך! איך האָב געבעטען גאָט פאַר איהם, ווי פאַר אײן אײגען קינד, מעגט איהר מיר גלויבען!...

כַּךְ הֲוָה, עס איז ניט אַוועקגעגאַנגען קײן צוויי יאָהר אֲפִילוּ פון זינט ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קײן אַמעריקאַ, עפּעס זיך ניט די טהיר, און עס קומט ניט אַרײַן עפּיס אַ מין דײַטש מיט אַ הויכען קאַפּעלוש, אַ שענער יונגאַטש אַ געזונדער, אַ ברײַט-בײנינגער און אַ פּרײַליכער און האַפּט מיך ניט אַרום קושען?

— וואָס איז די מַעֲשֶׂה? — זאָגט ער — איהר האָט מיך ניט דערקענט, ציז איהר מאַכט זיך אַז איהר דערקענט מיך ניט?

— טָפוּ זאָלסט דו ניט ווערען, דַניאֶלְטְשִׁיק, ס'איז דו? זאָג איך מיט אַ געלעכטער כְּלוֹמֶרְשְׁט, און אין האַרצען קאָכט

אין מיר אַ פייער, אונ איך טראַכט מיר: „פאַר וואָס ביזט דו דאָרטען נישט געהרג'ט געוואָרען, מיינע שונאים ערגיץ אויפ'ן באַהן, אָדער דערטרונקען געוואָרען אויפ'ן ים?..." ווען קומסט דו אָן, דניאלטשיק, אונ וואָס טהוסט דו היע!...

—קומען קום איך אָן-זאָגט ער-הײנט אין דער פריה אונ וואָס טהו איך היע? איך בין, זאָגט ער, געקומען צו אײך זיך צערעכענען.

דערהערט אָט דאָס וואָרט „זיך צערעכענען" איז מיר שוין געוואָרען דרײ לעבער פון האַרצען; וואָס פאַר חשבונות האָט ער מיט מיר, דער שאַרלאַטאַן?... נאָר איך האָב מיך אָנגענומען מיט האַרץ אונ רוף מיך אָן צו איהם:

— וואָס האָסט דו זיך נאָך בעדאַרפט מטריח זײן אַזש פון דאָרטען אַ הער? כמה־נפשך, האָסט געוואָלט מאַכען א חשבון, האָסט דו געקאָנט אָפשיקען מיר דורך דער פאָסט וואָס מיר קומט אַרויס...

— וואָס אײך קומט אַרויס? — זאָגט ער מיט אַ שען געלעכטעריל — איך ווײס ניט פון ו ע מ ע ן עס קומט אַרויס... איך האָב מורא, אַז עס קומט פון אַ י ך אַרויס...

— וועמען? -- זאָג איך — ד י ר אפשר קומט אַרויס?..

— מיר — זאָגט ער — אונ מײנע ברידער אונ מײן שוועסטער, אונז אַלעמען... איך בין דאָס געקומען אומיסטען פון אַמעריקאַ זיך צערעכענען מיט אײך פאַר אונז אַלעמען.., איך וויל אַ חשבון פונ'ם טאַטענס געלד... וואָס אַ י ך קומט, וועט א י ה ר זיך אָפּנעמען; וואָס א ו נ ז קומט, וועט איהר א ו נ ז אַרויסצאָהלען... אונ טאָמער וועט געהן דאָרטען אין אַ קלײניגקײט, איז נאַפליעוואַט, מיר וועלען מסתמא דורכקומען. חלילה זיך נישט קריגען... וואָס זשע מאַכט א י ה ר עפּיס? וואָס מאַכען די קינדער אײערע? איך האָב זײ געבראַכט איטליכען בעזונדער אַ מתנה...

מיר איז אָפּגעגאַנגען אַ מינוט צו חלשן, אָדער חאַפּען

אַ בײנקיל אונ פלעטען איהם דעם קאָפּ... איך האָב מיך אײנגעהאַלטען אונ האָב איהם געהײסען קומען אָם יִרְצֶה הַשֵּׁם נאָך שַׁבָּת, װעלען מיר זיך רעכענען, אונ אַלײן בין איך אָפּגעפֿאָדערן פֿון דער הײם זיך צעפֿרעגען בײ אַדװאָקאַטען, װאָס טהוט מען, װי אַזױ װערט מען פָּטוּר פֿון דעם דאָזיגען פעקיל?... די אַדװאָקאַטען אָבער, װײסט זײ דער גוטער יאָהר, צי זײ װײסען טאַקי ניט, צי זײ מאַכען זיך ניט װיסענדיג?... דער זאָגט, אַז װי באַלד ס'איז איבערגלאָפּען מעהר פֿון צעהן יאָהר איז פֿערפֿאַלען, דער זאָגט: נײן, בין איך אײן אַפִּיקוֹמָן: אײן אַפּעקון הײסט עס, מעג איבערגעהן הונדערט יאָהר, דין וְחֶשְׁבּוֹן בעדאַרף איך אָפּגעבען... פֿרעג איך אַ קַשְׁיָא: װי אַזױ זאָל איך געבען דין וְחֶשְׁבּוֹן, אַז איך האָב נישט קײן בוך אונ קײן שום חֶשְׁבּוֹנוֹת?... זאָגט דער אַדװאָקאַט איז טאַקי נישט גוט... „נישט גוט, זאָג איך, װײס איך אַלײן; איהר גיט מיר בעסער אײן עֵצָה, װאָס טהוט מען?"... איז נישטאָ קײן װערטער!... איך בין אײן אײזערנער, הערט איהר, אַז איך האַלט דאָס אױס! צו װאָס האָט דאָס מיר געטױגט, פֿרעג איך אײך, דער גאַנצער מַשָּׂא וּמַתָּן מיט'ן קלאַפּאָט, מיט'ן גאַנצען דאָס, מיט'ן יענץ, מיט'ן וּכְדוֹמֶה? װעלכער רוּחַ האָט מיך געטראָגען איך זאָל װערען אײן אַפִּיקוֹמָן אויף פֿרעמדע קינדער? װאָלט דען ניט געװען גלײכער טױזענד מאָל, איך זאָל געװען דרעמאָלט ליגען אױף אַ היציג שלאַפּקײט, אָדער אױסברעכען זיך אַ פֿוּס, אָדער אַזױ עפּיס אײן אומגליק זאָל מיך געװען טרעפֿען, אַבי ניט האָבען אױף זיך אַזאַ פעקיל, מיט אײן אַפִּיקוֹמָן, מיט אײן אַלְמָנָה נעבאַך, מיט יְתוֹמִים מיט אַדניאַלטשיק, מיט אַ חֶשְׁבּוֹן, מיט אַ דאָס, מיט אַ יענץ, מיט אַ וּכְדוֹמֶה?...

......................... ...........................

.........................................................

אין פערלאַג „ביכער־פאר־אלע“ דרוקען זיך און אין גיכען וועלען ארויס פון דרוק:

## א) אָריגינעלע ערצעהלונגען

פון: שלום עליכם; י. ל. פרץ; מ. ספעקטאָר; יעקב דינעזאָהן; אַברהם רייזען; יהודה שטיינבערג; י. ד. בערקאָוויטש און אַנדערע.

## ב) איבערזעטצונגען

פון: וויקטאָר הוגאַ; מאַפאַסאַן; זאָלאַ; טורגעניעוו; טשעכאָוו; גאָרקי; פאָל-לאַפאַרג און אַנדערע.

## ג) וויסענשאַפטליכע ביכער:

1) קאַרל קאַוטסקי: דער פראָלעטאַריאַט און די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. (ערקלערונגען און אנמערקונגען צו דער ערפורטער פראָגראַם).

2) „ „ „ : די עקאָנאָמישע לעהרע פון קאַרל מאַרקס.

3) קאַרל מאַרקס : געדונגענע ארבייט און קאַפּיטאַל.

4) וו. וואָדאָוואָזאָוו : די אַלגעמיינע וואַהלרעכט אין מערב אייראָפּא.

5) עדוואַרד וואַליאַן : קריזיס און ארבייטסלאָזיגקייט.

6) נ. ראָזקאָוו : די פאָרמען פון פאָלקס-פערטרעטונג.

7) י. א. איגנים : דער וועג צום איינציגען גליק (א פאָפּוליאַרער סאָציאַל—אקאָנאָמישער עטיוד.)

8) „ „ : די ארבייטער פראַגע. (נאָך פערשידענע קוועלען).

9) י. א. איגנים : קאַרל מאַרקס (זיין ביאָגראַפיע, זיין טהעאָריע און זיין טהעטיגקייט, זיין פערהעלטניש צו'ם יודענטהום, און די ווירקונג פון'ם יודענטהום אויף זיין פילאָזאָפיע.)

10) ש. צ. זעצער. : לאַסאַל (זיין בעאָגראַפיע, זיין טהעטיגקייט און זיין ארט אין געזעלשאַפטליכען לעבען).

די אַלע בראָשיורען זענען העכסט פאָפּולער געשריבען ספּעציעל פערפאַסט אָדער איבערזעצט פאַר'ן פאָלק, וואָלוועל און שעהן ארויסגעגעבען.

Издат. „ГАОРЪ“ Варшава, Долгая 26. Verlag „HAOR“ Warschau Dluga 26.

# הוצאת „הָאור"

---

# בִּבְּלִיוֹתֵיקָה „שַׁעֲשׁוּעִים" לְתִינוֹקוֹת

תחת השם „שעשועים" יוצאות לאור לעתים תכופות חוברות קטנות קלות למקרא בעד הילדים. חוברות ה„שעשועים" מכילות: ספורים, פואֶמות, חזיונות, אגדות ביאוגרפיות ערוכות בטעם הילדים, עניני מדע מבוארים, מקוריים למתורגמים, בשפה קלה ומובנה להקוראים הקטנים. כל יצירות „השעשועים" מושכות את לבות הילדים הרכים בתכנן המענין ובסיגנונן הקל והנעים. „השעשועים" מלבד תועלתם המרובה לקנות השפה העברית, מועילים עוד להתפתחותם המוסרית והשכלית של קוראיהם הקטנים.

חוברות „השעשועים" נדפסות על ניר טוב, בדפוס יפה. ובאותיות גדולות ומנוקדות כלן כראוי לספרי מקרא הנועדים בשביל הילדים. בחוברות רבות באים ציורים ותמונות.

למען הקל את קנין החוברות האלה בידי הילדים עצמם, קצבנו להן מחיר קטן מאד.

## ! חָמֵשׁ קוֹפֵּיקוֹת הַנּוּמֶר !

### לעת עתה יָצְאוּ לאור:

א) בֶּן הַפָּרִיץ (אגדת עם) על פי מ. ז. פֵּיאֶרְבֶּרְג.

ב) הַשְׁבוּעָה (ספור) מאת מ. בן־אליעזר.

ג ד) הגאון מווילנא (תולדותיו וחייו) ערוך בעד הילדים בידי י. שף. (חוברת כפולה)

### נדפסים ובמהרה יצאו לאור:

חַוָּה הַיָּפָה – ה. ד. נומברג. הַנֶּאֱהָבִים וְהַנְּעִימִים – ש. אש. הַנְּשִׁיקָה – הַנַּעַר הַגַּנָּב — יעקב שטיינברג. הַגִּלְיוֹנוֹת הָאֲדוּמִּים – הנ"ל נִבְלֵי הַשּׁוּעָל – ס. סורמאן. הַמֶּלֶךְ הַגֵּאֶה – לעאָן סוקולוב. מַעֲשֶׂה בְּיַלְדָּה שֶׁנֶּהֶפְכָה לִזְבוּב – אליאוב. תּוֹלְדוֹת הָרַמְבַּ"ם – ש. זצר. הַצּוֹלְלִים – פ. קנטורוויטש. בַּגַּן – אליאב. גֵּר צֶדֶק – י"א ליהרוביץ. הַרַבִּי נִכְנַס – מ. קרינסקי. מַעֲשֶׂה נוֹרָא – ס. י. גרדיטשבסקי. הַמְּחַם – יהודה שטיינברג ועוד ועוד.


Издат. „ГАОРЪ“ Варшава, Долгая 26.

Verl g „HAOR“ Warschau, Dłuha 26.